# ס. מארשאק

אידיש — ראָזענבלום











# א סרייפע



געצייכנט מ. גארשמאן

„שול און בוך"
מאסקווע 1928

# א סרייפע

אפן מיטן, מיטן מארק
שטייט א טורעם הויך און שטארק.
אַפן טורעם אַף דער וואכט
סיי באטאָג, און סיי באנאכט
גייט א זעלנער זיך ארום
און באקוקט זיך אומעטום —
לינקס און רעכטס
און אין דער הויך,
צו מען זעט ניט וואו קיין רויך.
גייט די מאמע אַפן מארק
איינצוקויפן עסנווארג,
זאָגט זי אָן איר טאָכטער מירל:
— ריר ניט, מירעלע, דאָס טירל
און דעם אויוון טשעפּע ניט,
היט זיך, מירל: פייער בריט!





ווי די מאמע גייט אוועק,
זעצט זיך מירעלע אוועק
בא דעם אויוון. ס'איז איר קאלט.
און זי קוקט אין רויטן שפּאַלט.
הערט זי, ווי דער פייער רעדט
און ער קלאָגט זיך און ער בעט:
„הער ניט מאמען, עפן, מירל,
כאַטש א קאפּעלע דאָס טירל!"
מירל האָט אַף אים ראַכמאָנעס
און זי עפנט אַף באַלאָנעס,
און דערזעט: א רויטער צונג
טאנצט ארום אין אויוון שטיל.



גיט דער פייער באלד א שפּרונג
פון די שייטלעך אַפן דיל.
דאָ א לעק און דאָרט א וויש,
פונם טישטוך אפן טיש,
און פון טיש לויפט ער דורך שטולן
אַפן ביכערשראנק דעם פולן.
ווארפט זיך, דרייט זיך, ווי א ווילדער,
דורך די פאָרהאנגען און בילדער:
אף די ווענט קריכט ער שוין אויך
און פאַרוויקלט אַלץ אין רויך...

כאפּט אָן מירעלען א שרעק
און זי לויפט פון שטוב אוועק
און פארמאכט נאָך זיך די טיר.
שרייט דער פייער: „עפן מיר!
אַט וועל איך דיר כאַפּן באלד!"
און ער שטעקט ארויס פון שפּאלט
לאנגע דארע, רויטע הענט...
דאכט זיך מירעלען—זי ברענט.
און ניט לעבעדיק, ניט טויט,
שפּרינגט זי גיך איבערן פלויט.







פון דער אנדער הויז
לויפן מענטשן ארויס,
עמערס וואסער אין די הענט,
לויפן לעשן, וואו עס ברענט...
גוואלד! עס ברענט,
עס ברענט!
פלוצלינג איינעם אפן קאָפּ
פאלט א פערינע אַראָפּ.
אפן בריטן טראָטואַר
פאלט מיט בראַזג א סאמאוואר,
און א פרימוס, און א בילד,
און פון קראָם א גרויסער שילד,
און נאָך זיי א גראמאפאן...
פלוצלינג הערט זיך: דין־דאָן־דאָן...











אפן סאמע מיטן מארק
שטייט א טורעם הויך און שטארק.
אַפן טורעם אויבענאָן
פלאטערט הויך א רויטער פאָן...
דין־דאָן,
קלינג־קלאנג
הילכט אין לופט דער גלאָקן-קלאנג...
עפנט זיך דער טויער ברייט,
און עס לויפן זיך צונויף
פייערלעשער אין דעם הויף,
איז צום לעשן גרייט.
שפּאַנט מען וואָגנס איינס און צוויי
און מע זעצט זיך אויס אף זיי,
שלעפּט מען קישקעס, העק און לייטער,
און פאָרויס מיט א טראמייטער
אין א קאַסקע אַפן קאָפּ
לאָזט א רייטער זיך גאַלאָפּ...





פֿילט מען איבער גאַס און געסלאַך,
קייקלען זיך מיט ראש די פּעסלאַך,
רעדער רוישן, פֿונקען שפּרינגען,
יאָגן פֿערד און גלעקער קלינגען,
קאַסקעס גלאַנצן, העק אין הענט,
און מען אײַלט צום אָרט, וואו ס׳ברענט...
און דער פֿײַער פּלאַקערט, רײַסט זיך

און פֿון אונטער דאַך באַווײַזט זיך,
ווי א זיגער, אויבענאָן
פּאָכט ער, ווי א רויטער האָן.
און ער שרײַט אַראָפּ פֿון אויבן:
גיסט אײַך וואַסער! ברעכט די שויבן!
כאַפּן וועט איר מיר ניט קענען,
כ׳וועל די גאַנצע שטאָט פֿאַרברענען.

כאַפּט די מענטשן אָן א שרעק.
נאָר ניט ווייט שוין אַפּן וועג
טראָגט א רייטער זיך גאַלאָפּ
מיט א קאסקע אַפּן קאָפּ
און נאָך אים, נאָך זיינע שפּורן,
יאָגן פליען רויטע פורן
קוים זיי רירן אָן די ערד...
בא דער שטוב—פאַרהאלט מען פערד.
העי, קאָמאנדע, ניט געשלאָפן!
לעש מיט היץ!
שפּריץ! שפּריץ!

פלאקערט, בייזערט זיך דער פייער,
און ער שמעטערט, און ער קערט,
און מיט קאעס פון לייטער ווארפט ער
פייערלעשער צוויי אַף דר׳ערד.
און דעם אלטן אַרן אויך
וויל דערשטיקן ער אין רויך.
אָבער ארן—ער אנטלויפט ניט:
צוואַנציק יאָר שוין לעשט ער סרייפעס,
פערציק מאן האָט ער ביז היי-יאָר
שוין געראטעוועט פון פייער.

גיט זיך ארן נאָר א לאך
און איז ווידער אפן דאך.
פון דעם בוידעם מיטאמאָל
רופט א וויינענדיקער קאָל.
גיט זיך אַרן גלייך א לאָז.
צום צעפלאצטן פענסטער־גלאָז
גיט דאָס גלאָז דעם לעצטן פלאץ
און ס׳באווייזט זיך דאָרט א קאץ
וואָס-זשע טו איך, קאַץ, מיט דיר?
קריך אין קעשענע צו מיר!

און דער פייער הויבט זיך העכער,
לעקט מיט צונגען נאָנטע דעכער...
אַרן שלאָגט זיך מיט די פלאַמען,
לעצטע קויכעס נעמט צוזאמען,
שרייען הויך פון פייער פּרואווט ער
און צו הילף כּאַוויירים רופט ער
און אָט קריכן שוין אַף ווענט
פייערלעשער זאלבעצענט.

איצטער אטעמט אַרן פרייער
און מען לעשט צוזאמען פייער.
ברומט דער פייער, ברומט און רייסט זיך,
ווי א שלאנג זיך ווארפט און בייסט זיך,
שפּריצן קישקעס ווייט און ווייטער,
שארפע העקער באלקנס שפּאַלטן,
לויפט דער פייער זיך באהאלטן
און מיט רויך געדיכן שפּייט ער...

זייבען באלקנס שווארץ געוואָרן -
אַין דער פייער קרעכצט פון צאָרן:
אַרן, אַרן, האָב ראכמאָנעס
כ׳ברען ניט מערער, אַף נעמאנעס!
— שווייג שוין בעסער, שלעכטער גאָרנישט,
כ׳גלויב דיר מער שוין אַפן וואָרט נישט,
וועסט שוין אַרענען ביט נאַרן,
כ׳וועל אין טורמע דיך פאַרשפּארן!
נאָר אין אויוון, לאָמפּ און ליכט
וועסטו ברענען, ווייטער—ניט.
בלייבט דער פייער שוין אָן לאָשן,
גיט א זיפץ—און ווערט פאַרלאָשן.

אף א בענקל אפן הויף
מירל וויינט און הערט ניט אויף.
ס'איז איר שטוב, נעבעך, פארברענט —
דיל און באלקן, דאך און ווענט,

קאַץ און ליאלקע און די בעט,
ווייסט ניט, וואו זי שלאָפן וועט.
און דערצו נאָך וועט, מיסטאמע,
שטארק זיך בייזערן די מאמע.



מירל כליפעט אף א קאָל.
זאָגט איר אַרן מיטאמאָל:
— וואָס זשע וויינסטו, מיידעלע,
איז פאַרנעצט דיין קליידעלע?
כ'שווער בא קאַסקע מעשענע,
אז ביי מיר אין קעשענע
ליגט פאר דיר א גוטע זאַך.

נו איך בעט דיר: טו א לאַך! —
עפנט מירל אויגן גרויס:
ס'ליגט די קאַץ בא איר אין שויס.
גלעט זי קעצעלען און גלעט
שטילערהייט צו איר זי רעט:
„קעצל, קעצעלע דו מיין"
ביז זיי שלאָפןביידע איין.

פון דער סרייפּע אָפּן וועג
פֿאָרן פורן שוין אַוועק
מיט די לעשער צוריק.
שפּרינגען פּעסלעך אפּן בריק,
פֿאָרן לאנגזאם, ניט געאײַלט,
אַרן זיצט צעקלאַפּט, צעבייַלט,
ס'איז זיין פּאָנים אָפּגעברענט,

און אין וואונדן זיינע הענט.
ס'איז אים ניט דאָס ערשטע מאָל,
זינגט זיך אַרן אפּן קאָל:
כ'האָב ניט מוירע פֿאַר געפֿאַרן,
כ'האָב ניט מוירע פֿאַר קיין סרייפּע,
שטענדיק גרייט איז אַלטער אַרן,
וואו א פּייער איז, צו לויפן.





Главлит № 25350. Тип. „Эмес“, Москва, Покровка, 9. Тираж 3000.

